# אויסטראַליען.

## אַלגעמיינע ידיעות

פאַר די וואָס ווילען פאָהרען אַהין.

אַרויסגעגעבען פון דער

„יודישער קאָלאָניזאַציאָנס-געזעלשאַפט" (יק"א).



С.-ПЕТЕРБУРГЪ.

Типо-Литографія I. Лурье и К°, Гороховая 48.

1907.

# דאָס לאַנד.

אויסטראַליע איז די גרויס ווי דריי פיערטעל אייראָפּאַ אַנ׳ערך, און האָט עטליכע גרויסע אינזלען (ניי-זעלאַנד, טאַס-מאַניע) און אַ גרעסערע צאָהל קלענערע אַרום זיך. אויסטראַליע טיילט זיך אויף פינף פראָווינצען — קווינסלענד, ניי-דרום-וואַליס (אועלס), וויקטאָריאַ, דרום-אויסטראַליע און מערב-אויסטראַליע. דער מערב-טייל פון אויסטראַליע און אַלע איהרע איניוועניגע געגענדען בעשטעהען כמעט פון איינע סטעפּעס, פערוואַקסען מיט גראָז און דערנער. ערטערווייז בעגעגנען זיך אויך מדבּריות מיט זאַמד-בערג און גרויסע אָזיערעס. פרוכטבאַרע ערד, בעוואַ-סערטע, וואָס טויג פאַר ערדאַרבּייט, געפינט זיך פיעל אין מזרח און אין דרום-מערב אויסטראַליע, נעבען ברעג פון ים. די געגענדען זענען אָבגעטיילט פון די איניועניגע טיילען פון לאַנד מיט הויכע בערג, בעדעקטע מיט געדיכטע וועלדער (די בלויע בערג, די אויסטראַליער אַלפּען). דאָ פליסען די גרעסטע טייכען און דאָ געפינען זיך די גרעסטע אָזיערעס פון אויסטראַליע. די טייכען טרעטען אָפט אַרויס פון זייערע ברעגען און פערפלייצען די נידריגערע געגענדען אַרום די ברעגען.

אין די אויסטראַליער סטעפּעס געפינען זיך טייערע פּאַשעס, ערדאַרבּייט פאָדערט אין אויסטראַליע אָפּט פיעל הכנות, וואָרום דער גרעסטער טייל פון לאַנד איז בעדעקט מיט אוראַלטע דער-נער, וועלכע מען מוז אויסהאַקען און זייערע וואָרצלען אויס-רייסען, כדי די ערד זאָל טויגען פאַר ערדאַרבּייט.

---

## דער קלימאַט.

די פיער צייטען פון יאָהר שטעהען אין אויסטראַליע אין היפך צו אונזערע. דער זומער הויבט זיך אָן אין אָקטאָבער און ענדיגט זיך אין אַפּריל. די איבריגע צייט פון יאָהר געהען קאַלטע רעגענס. אין צפון און אין קווינסלענד איז דער קלימאַט זעהר אַ הייסער און אַ טרוקענער. אין סידניי און אין אַדעלאַידאַ איז דער קלימאַט אַ מעסיגער, אין דרום-טייל פון וויקטאָריאַ און אין טאַסמאַניע איז דער ווינטער אַ קאַלטער און אַ רעגענדיגער, אויף די בערג פאַלט-אויס פיעל שניי, און עס טרעפען פרעסט. איבעראַל איז די לופט אַ טרוקענע, אַנ'אַנגענעהמע, אַ ריינע. אין מערב-אויסטראַליע איז דער קלימאַט אין אַלגעמיינעם אַ געזונטער. זומער געהען אָפט גרויסע רעגענס, מיט דונערן און בליצען. אין „דרום-אויסטראַליע" איז דער קלימאַט אַ הייסער און אַ טרוקענער, אויסער די הויכע געגענדען, וואו די היטץ ווערט געשטילט דורך קאַלטע ווינטען. זומער-צייט—פון נאָוועמבער ביז אַפּריל— איז די היטץ כמעט נישט אויסצוהאַלטען, חאָטש עס געהען אָפט רעגענס, נור די איבריגע צייט פון יאָהר שטעהען קלאָרע קיהלע טעג. אין „מערב"- און אין „דרום-אויסטראַליע" זענען פאַרהאַן בלאָטיגע ערטער, וואו עס האַלט זיך אַ בעזונדער מין קדחת, וועלכע איז בעזונדערס געפעהרליך פאַר ניי-אָנגעקומענע. דער קלימאַט פון ניי-זעלאַנד רעכענט זיך פאַר איינעם פון די געזונדסטע אין דער גאַנצער וועלט. דאָקטוירים שיקען יעצט לונגענקראַנקע — זיך היילען אין ניי-זעלאַנד.

---

## די בעפעלקערונג.

די בעפעלקערונג איז אין אויסטראַליע אַ קליינע, דער גרעסטער טייל איינוואָהנער זיצט אין די שטעדט. דערפער איז בכלל ווייניג, אַפילו אין די ערדאַרבייט-פּראָווינצען, ווי „ניי-דרום-וואַלים" און „דרום-אויסטראַליע" איז נור אַ קליינע צאָהל דערפער.

אִין גאַנצעֶן וואוינעֶן יעֶצט אִין אויסטראַליעֶ בִּיז זעֶקס מִי-לִיאָן מעֶנשעֶן. דִי בּעֶפעֶלקעֶרונג בּעֶשטעהט דעֶרהויפּט פון עֶמִיגְ-ראַנטעֶן, אָנגעֶקומעֶנעֶ פון אֵייראָפּאַ, און נור אַ קלֵיינעֶ צאָהל זעֶנעֶן אַיינגעֶבּוירעֶנעֶ אויסטראַליעֶר. דִי צאָהל פון דִי לעֶצטעֶ אִיז יעֶצט נִישט מעֶהר ווִי 150 טויזעֶנד. זֵיִי וואוינעֶן כּמעט אַלעֶ אִין מזרח-טֵיִיל פון אויסטראַליעֶ און אִין דִי ווֵייטעֶ געֶגעֶנדעֶן פון קווִינסלעֶנד און דרום-אויסטראַליעֶ. דאָס רוֹב אַיינוואוינעֶר אִין אויסטראַליעֶ זעֶנעֶן — עֵנגלעֶנדעֶר. אִין דרום-אויסטראַליעֶ און אִין קווִינסלעֶנד זִיצעֶן עֶטלִיכעֶ טויזעֶנד דֵייטשעֶן. אִין פעֶרשִידעֶנעֶ טֵיילעֶן פון לאַנד, דעֶרהויפּט אִין דִי גרויסעֶ שטעֶדט, זעֶנעֶן צוזֵיִיט נִישט קֵיין גרויסעֶ גרופּעֶס אַרבּייטעֶר-כִּינעֶזעֶר, וועֶלכעֶ מעֶן האָט דִי לעֶצטעֶ צֵייט כּמעט פעֶרוועֶהרט אַרײַנפאָהרעֶן אִין לאַנד. אִין אַלגעֶמֵיינעֶם שאַפעֶן דִי אַלעֶ נאַציאָנעֶן נור אַ קלֵיינעֶם טֵייל פון דעֶר בּעֶפעֶלקעֶרונג און זֵיִי זעֶהעֶן זִיךְ נִישט אָן צווִישעֶן דעֶר גרויסעֶר צאָהל פון עֵנג-לעֶנדעֶר.

גרויסעֶ שטעֶדט אִיז אִין אויסטראַליעֶ לעֶרךְ פִיעֶל. אִין יעֶדעֶר קאָלאָניעֶ — אַזוי הֵייסעֶן דִי גרויסעֶ אויסטראַליעֶר פּראָווִינצעֶן — אִיז דִי בּעֶפעֶלקעֶרונג אִין דעֶר הויפּטשטאַדט אַ גרעֶסעֶרעֶ ווִי אִין אַלעֶ אַנדעֶרעֶ שטעֶדט. מִיר געֶבּעֶן דאָ דִי נעֶמעֶן פון דִי גרעֶסטעֶ שטעֶדט און דִי צאָהל אַיינוואוינעֶר אִין זֵיִי:

| | | | | |
|---|---|---|---|---|
| אִין נֵיי-דרום-וואַלִיס | אִיז דִי הויפּטשטאָדט | סִידנִי | 511,000 | אַיינוו. |
| אִין ווִיקטאָריאַ | " " " | מעֶלבּורן | 501,000 | " |
| אִין קווִינסלעֶנד | " " " | בּרִיסבּעֶן | 125,000 | " |
| אִין דרום-אויסטראַליעֶ | " " | אַדעֶלאַידאַ | 168,000 | " |
| אִין מערב-אויסטראַליעֶ | " " | פּעֶרט | 44,000 | " |
| אִין נֵיי-זעֶלאַנד | " " | ווִעלִינגטהאָן | 50,000 | " |
| אויף דעֶר אִינזעֶל טאַסמאַניעֶ | " | האָבּאַרט | 35,000 | " |

יודעֶן אִיז אִין גאַנץ אויסטראַליעֶ 20 טויזעֶנד. אִין דִי גרויסעֶ שטעֶדט פון אויסטראַליעֶ ווִי סִידנִי, מעֶלבּורן און אַנדעֶרעֶ געֶפִינעֶן זִיךְ שוין יאָהרעֶן לאַנג גרויסעֶ יודִישעֶ געֶמֵיינדעֶס. וואָס האָבּעֶן זֵייעֶרעֶ שוהלעֶן און אַנדעֶרעֶ רעֶליגִיעֶזעֶ און פִילאַנטראָפִּישעֶ

אַנשטאַלטען . אין מעלבורן — וואו די יודישע געמיינדע האָט זיך געגרינדעט נאָך אין 1817 יאָהר — און אין זיין פאָרשטאָדט סענט-קילד—וואוינט מעהר אַלס 1,000 יודען . זיי בילדען יעצט צוויי קהלות פון ענגלישע און פוילישע יודען , ד. ה. פון רוסלאַנד, רומיניען און גאַליציען . די יודישע געמיינדע אין אַדעלאַידע רע-כענט ביז 500 מאַן . אין ניי-זעלאַנד — שטאָדט וועלינגטאָן — איז יעצט די צאָהל יודען 1,600 . ניי-זעלאַנד איז אין אינדוסט-ריעלען הינזיכט דער ענטוויקעלטסטער טייל פון אויסטראַליע . דערום ציהט זי צו זיך צו מעהר יודישע עמיגראַנטען ווי אַלע אַנדערע אויסטראַליער קאָלאָניעס . בעזונדערס האָבען אָנגעהויבען יודען פאָהרען אין ניי-זעלאַנד אין 1891 יאָהר, ווען די לאַגע אין רוסלאַנד האָט זיך פאַר יודען פערערגערט . דער פאַרלאַמענט פון ניי-זעלאַנד האָט דעמאָלט געפּרובט זיך ווענדען מיט אַ בקשה צו דער רוסישער רעגיערונג, זי זאָל אויפהערען רודפ'ן די יודען . די יונגסטע יודישע געמיינדע געפינט זיך אין דער שטאָדט פערט— אין מערב-אויסטראַליע, וואוהין עס זענען זיך די לעצטע יאָהרען צונויפגעפאָהרען פיעל יודישע עמיגראַנטען . אין דער שטאָדט וואוינען ביז 150 יודישע פאַמיליעס , אָנגעקומענע פון ענגלאַנד און אַנדערע לענדער .

אַ גרויסער טייל פון די ניי-אָנגעקומענע עמיגראַנטען בעשעפטיגט זיך מיט קליין האַנדעל . די איבעריגע זענען בעלי-מלאכות, וואָס אַרבייטען ביי זיך אין דער היים אָדער אויף פאַב-ריקען . די מאַטעריעלע לאַגע פון די עמיגראַנטען איז אין אַלגע-מיינעם נישט קיין שלעכטע . נור דער גייסטליכער צושטאַנד פון די אויסטראַליער יודען איז אַ נידריגער . בעזונדערס שלעכט איז געשטעלט געוואָרען די ערציהונג פון די קינדער . אין איינציגע שטעדט דרוקען זיך ציטונגען, אין ענגלישער שפּראַך, פאַר יודען .

# דִי רעֶגִיעֶרוּנג.

אויסטראַליעֶ געֶהעֶרט כמעט אִין גאַנצעֶן צוּ עֶנגלאַנד, דִי עֶנגלִישעֶ העֶרשאַפט שטעֶרט נִיט דִי אויסטראַליעֶר קאָלאָניעֶס צוּ פִיהרעֶן אַ זעֶלבּסטשטעֶנדִיגעֶן פּאָלִיטִישעֶן לעֶבּעֶן. יעֶדעֶ קאָלאָניעֶ האָט זִיךְ אִיהר קאָנסטִיטוּציעֶ און אִיהר פּאַרלאַמעֶנט, פאַר אַרויסגעֶבּעֶן געֶזעֶצעֶן, וואָס בּעֶשטעֶהט פוּן צְווִיי פּאַלאַטעֶס—אַנ׳אויבּעֶרשטעֶ און אַנ׳אונטעֶרשטעֶ. בּראֹש פוּן דעֶר אַדמִינִיסטראַציעֶ שטעֶהט אִין יעֶדעֶר קאָלאָניעֶ אַ גוּבּעֶרנאַטאָר, וועֶלכעֶן עֶס שטעֶלט דעֶר עֶנגלִישעֶר קעֶנִיג, נוּר אִין אֶמת׳ן געֶפִינט זִיךְ דִי מאַכט אִין דִי העֶנד פוּן דִי מִינִיסטאָרעֶן, וועֶלכעֶ ווערעֶן געֶנוּמעֶן פוּן דִי מִיטגלִיעדעֶר פוּן פּאַרלאַמעֶנט. אַלעֶ קאָלאָניעֶס צוזאַמעֶן — אויסעֶר נַיִי-זעֶלאַנד — בִּילדעֶן אַנ׳אַלגעֶמיִינעֶ פּעֶדעֶראַציעֶ — אַ שוּתפ׳עֶשעֶ מלוּכה—אוֹיף וועֶלכעֶר עֶס שטעֶהט בּראֹש אַ געֶנעֶראַל-גוּבּעֶרנאַטאָר, אַנ׳אַלגעֶמיִינעֶר פּאַרלאַמעֶנט און אַ מִינִיסטעֶריוּם. אַלס הויפּטשטאָדט פוּן דעֶר פּעֶדעֶראַציעֶ דִיעֶנט מעֶלבּוּרן.

דִי אויסטראַליעֶר רעֶגִיערוּנג האָט פִיעל געֶטאָהן פאַר דִי אַרבּיִיטעֶר, כדי צוּ פעֶרגרִינגעֶרן זיִי דאָס לעֶבּעֶן. דִי געֶזעֶצעֶן פעֶרווּעֶהרעֶן בּעלי-בּתים נִייטעֶן זיִיעֶרעֶ אַרבּיִיטעֶר [1] אַרבּיִיטעֶן מעֶהר ווִי 8 שעה אִין מעֵת-לעֵת, פרויעֶן און קִינדעֶר טאָהר מעֶן נִיט שטעֶלעֶן אויף אַרבּיִיט בּיַי נאַכט. געֶצאָהלט ווערט אִין אויסטראַליעֶ פאַר אַרבּיִיט, ווִי מִיר ווֶעלעֶן זעֶהעֶן וויַיטעֶר, מעֶהר אַלס אִין אֵייראָפּא. מעֶן מוּז אָבּעֶר מאַכעֶן דִי בּעֶמעֶרקוּנג, דאָס דִי אַלעֶ געֶזעֶצעֶן בּעֶצִיהעֶן זִיךְ דעֶרהויפּט צוּ אַרבּיִיט אויף דִי פאַבּרִיקעֶן, בּיַי בּעלי-בּתים אִין דעֶר הַיִים אַרבּעֶט מעֶן פִיעל מעֶהר, געֶצאָהלט ווערט וועֶנִיגעֶר און דִי אַרבּיִיט אִיז דעֶרצוּ שעֶדלִיכעֶר פאַר׳ן געֶזוּנד, וואָרוּם ס׳אִיז שווֶער צוּ נעֶהמעֶן דִי אַרבּיִיט אוּנטעֶרן שוּץ פוּן געֶזעֶץ.

עֶקאָנאָמִישעֶ סכסוּכים צְווִישעֶן בּעלי-בּתים און אַרבּיִיטעֶר ווערעֶן אַרוּמגעֶקלעֶרט דוּרךְ אַ טרעֶטעֶיסקִי סוּד פוּן דעֶר רעֶגִירוּנג.

---

[1]) ווי אין די פאבריקען, אזוי אויך די דיענער אין די מאגאזינעס.

אין וועלינגטאָן, סידניי, בריסבען און אין אַנדערע שטעדט האָט די רעגיערונג געמאַכט קאָנטאָרען צו געבען אַרבייטער אומזיסט ידיעות, וואו מען קען געפינען אַרבייט, און אַ מאָל אַ בילעט אויך אויף צו דורכפאָהרען אַהין, וואו עס איז דאָ אַרבייט.

---

## אֶמונות, שפּראַך און שוהלען.

מעהר פון אַלע איז אין אויסטראַליע פערשפּרייט דער פּראָטעסטאַנטישער גלויבען. קאַטאָליקער איז אין פערגלייך נישט פיעל. געצענדיענער — ביז 50,000. די הערשענדע שפּראַך איז ענגליש, און יעדער עמיגראַנט, וואָס וויל געפינען אַרבייט אין אויסטראַליע — מוז קענען די שפּראַך. עלטערען זענען מחויב שיקען זייערע קינדער אין שוהל לערנען. אין די אָנפאַנגס-שוהלען לערנט מען צום-מייסטען אומזיסט. אין מעלבורן, סידניי, אַדעלאַידאַ און אַנדערע גרויסע שטעדט זענען דאָ אוניווערזיטעטען, ביבליאָטעקען, מוזעאומס, טהעאַטערן און צייטונגען.

---

## מַטְבֵעות.

דאָס געלד וואָס געהט אין אויסטראַליע איז ענגלישעס — פונטען סטערלינגען און פּענסען. א פונט סטערלינג איז גלייך אַנ׳ערך 9 רובל 40 קאָפּ׳ און האַלט 20 שילינג. אַ שילינג איז גלייך 47 קאָפּ׳ און טיילט זיך אויף 12 פּענסען, אַ פונט סטערלינג שרייבט מען — £ [1].

---

[1] אין וועג קיין אויסטראַליע קומט דעם עמיגראַנט אויס האָבען צו טהון מיט דייטשעס און פראַנצויזישעס געלד. א דייטשע מטבע איז א מארק, וועלכער איז גלייך אנ׳ערך 47 ק׳ און טיילט זיך אויף 100 פעניג — ½ ק׳ אנ׳ערך. א פראַנצויזישע מטבע איז א פראנק — 37 קאפ׳ אנ׳ערך און טיילט זיך אויף 100 סאנטים.

## וואָס קאָסטען די נויטיגסטע לעבענס מיטלען.

פראָדוקטען קאָסטען אין אויסטראַליע ניִשט טײַער, אַ פונט ווייס-ברויט (אַנ'ענגלישער פונט איז גרעסער פון אַ רוסישען אויף אַ צעהנטיל) קאָסט 5—6 קאָפּ' אויף רוסיש געלד, אַ פונט צוקער 11 קאָפּ', אַ פונט טהיי 94 קאָפּ'. בעזונדערס איז אין אויסטראַליע וואָלוועל פלייש, וועלכעס פעהלט דאָרט קיינמאָל ניִשט. אין די גרויסע שטעדט — אין די רעסטאָראַנען פאַר אַרבײַטער—קאָסט אַ מיטאָג, וועלכער בעשטעהט געוועהנליך, פון אַ פלייש-געריכט מיט אויבסטען, ברויט, זיסעס געבעק און טהיי — 24 קאָפּ'.

אין אויסטראַליע קאָסט דאָס לעבען בוליגער ווי אין פראַנק-רייך, ענגלאַנד און אין די פערייניגטע שטאַטען. אָבער בוליג קאָסטען נור די נויטיגערע פּראָדוקטען; אַזוינע זאַכען, וואָס גע-הערען צו לוקסוס, צום בײַשפּיעל: קליידער אויף בעשטעלונג, שענע מעבעל, און דעסגלײַכען קאָסטען אין אויסטראַליע טײַערער ווי אין אַנדערע לענדער.

---

## די הויפּט בעשעפטיגונגען.

די בעשעפטיגונג וועלכע האָט די גרעסטע בעדײַטונג אין אויסטראַליע איז פיה-צוכט. מ'האָדעוועט פערד, בהמות, און מעהר פון אַלץ—שאָף. דאָס פיה פּאַשעט זיך, געוועהנליך, אויף גרויסע לאָנקעס, אַרומגעצוימט מיט דראָט אונטער דער אויפזיכט פון אַ צוויי-דרײַ פּאַסטוכער. די וואָל וואָס מען נעהמט אַראָב פון די שאָף ווערט אַרויסגעפיהרט און פערקויפט מאַסענווייז אין פערשיע-דענע לענדער. דעם צווייטען אָרט נאָך דער פיה-צוכט פערנעמט די בעאַרבײַטונג פון די מעטאַלען און מינעראַלען — גאָלד (וויק-טאָריאַ), זילבער (ניי-דרום-וואַליס), קופּער, בליי, צינן, שטיינ-קויהלען, נאַפט. ערדאַרבײַט געפינט זיך אין ערגערע בעדינגונגען ווי די פיה-צוכט. נאָר די לעצטע צײַט הויבט זיך די ערדאַרבײַט אָן שנעל צו ענטוויקלען. מען זייעט ווייץ, קוקורוזע, האָבער, גערשטען, קאַרטאָפּעל. אויף די ברעגען פון אויסטראַליע און

אין טאַסמאַניע פלאַנצט מען פיעל פרוכטען-בוימער—אַפּעלסינעס, לימענעס, טיַיטלען, עפּעל און דעסגלייַכען.

די פאַבריקאַציע בעשטעהט דאָס רוב פון מיהלען, ביער-ברויערייען, זעג-מיהלען און דעסגלייַכען. עס זענען פאַרהאַן פאַבריקען, אויף וועלכע מען מאַכט ערדאַרבייט-מאַשינעס, קאַרעטעס, לעדערנע אַרטיקלען א. ז. וו.. אין די שטעדט ביי די פּאָרטען און אין די גרויסע צענטערן אין לאַנד איז ענטוויקעלט דער האַנדעל. יודען, וואָס פאָהרען אַריבער אין אויסטראַליע נעהמען זיך די ערשטע צייט צו קליין-האַנדעל מיט פרוכטען, וועלכע זיי פערקויפען אויף איין אָרט, אָדער פיהרען אַרום איבער די גאַסען. פאַר אַן עמיגראַנט, וואָס איז ערשט אָנגעקומען, און האָט קיין קאַפּיטאַל נישט און קען קיין מלאכה אויך נישט — איז עס אָפט די איינציגע פּרנסה, פון וועלכער ער קען ציהען חיונה ביז ער געפינט זיך עפּעס אַנדערש, וואָס איז איהם מעהר צום האַרצען.

---

## ווער בעדאַרף נישט פאָהרען אין אויסטראַליע.

אַרייַנפאָהרען אין אויסטראַליע איז פערבאָטען די: 1) וואָס קענען נישט אָנשרייַבען אויף אַ יועלכער עס איז אייראָפּעאישער שפּראַך קיין בקשה וועגען אַרייַנלאָזען זיי אין לאַנד (אין ניי-זעלאַנד אָדער צום ווענינגסטען פופציג ווערטער וועלכע ס׳וועט זיי דיקטעווען דער בעאַמטער, (אַזוי איז אין אַלע אַנדערע פּראָווינצען).

2) די, וואָס קענען, נאָך דער מיינונג פון דעם בעאַמטען, וואָס קוקט אויף דער עמיגראַציע, פאַלען צו לאַסט אויף די צדקה-חברות.

3) אידיאָטען און גייסטיג-קראַנקע.

4) מענשען, וואָס האָבען אַן אָנשטעקענדע, אַ מיאוס׳ע אָדער אַ געפעהרליכע קראַנקהייט.

5) אַזוינע, יואָס זענען געוועזען פער׳משפּט אין די לעצטע

3 יאָהר פאַר וועלכען עס איז פערבּרעכען, נישט פון פּאָליטישען כאַראַקטער, צו זיצען אין געפענגניס מעהר ווי אַ יאָהר.

6) פּראָסטיטוטקעס און אַלע וואָס לעבען פון פּראָסטיטוציע.

7) אַזוינע, וואָס האָבּען נאָך בּיז זייער אָנקומען געמאַכט אַ קאָנטראַקט אויף וועלכער עס איז אַרבּייט אין אויסטראַליע.

אַ ווייבּ און קינדער, וואָס פאָהרען אינאיינעם מיט דעם פאָטער לאָזט מען אַריין אָהן שטערונגען, אויבּ דער פאָטער אַליין האָט דאָס רעכט אַריינצופאָהרען אין לאַנד. אין ניי-זעלאַנד לאָזט מען אַריין קינדער אינאיינעם מיט די עלטערן, וויפיעל די קינדער זאָלען ניט אַלט זיין, און אין אַנדערע טיילען פון אויסטראַליע נאָר בּיז 18 יאָהר.

ווען אַן עמיגראַנט בּעפריעדיגט נאָר נישט דעם ערשטען פּונקט פון די אָנגעוויזענע תנאים קען ער אַריינגעלאָזען ווערען אין לאַנד: א) ווען ער טראָגט אַריין 100 פונט סטערלינג (בּיי 1,000 רובּל) און ב) ווען ער ווערט אין פערלויף פון 30 טעג [1] בּעקומען אַ שיין, פון וואַנען עס געהער, אַז מען לאָזט איהם אַריין געגען דעם געזעץ וועגען עמיגראַציע. אויבּ דער עמיגראַנט בּריינגט נישט אין 30 טעג אַרום דעם שיין, מוז ער תכף פערלאָזען דאָס לאַנד, אַנדערש ווערט זיין געלד, אינגאַנצען אָדער אַ טייל, קאָנפיסקירט.

---

## ווען איז די צייט צו פאָהרען אין אויסטראַליע.

פאַר אַ מענשען, וואָס זוכט אַרבּייט, איז בּעסער צו קומען אין אויסטראַליע אין אָנהויבּ זומער, איידער מען הויבּט אָן שניידען די בּרויטען און שערען די שאָף. דעמאָלט איז די פאָדערונג אויף אַרבּייטער-העַנט גרעסער ווי אַלע טעג פון אַ גאַנץ יאָהר.

---

[1]) אין ניי-זעלאַנד — 14 טעג.

מיר האָבען שוין געזאָגט, דאָס די זומער-חדשים זענען אין אוי־סטראַליע — דעצעמבער, יאַנואַר און פעֿוראַל. אין די פּראָווינצען ניי-דרום-וואַליס און וויקטאָריאַ איז בעסער פון אַלס קומען אין די חדשים פון מאַי ביז סעפּטעמבער. אין קווינסלענד — פון אַפּריל ביז יול. אין דרום-אויסטראַליע — פון מאַי ביז אָקטאָבער. אין מערב-אויסטראַליע - - אין מאַרט. אין טאַסמאַניע — פון דע־צעמבער ביז מאַי. אין ניי זעלאַנד — פון סעפּטעמבער ביז פעֿוראַל.

---

## ווי פאָרט מען אין אויסטראַליע.

שיפען געהען קיין אויסטראַליע פון ברעמען און פון לאָנ־דאָן. ביז די צווייטע שטעדט קאָסט פון ליבוי אָדער ריגאַ מיט'ן שיף 22 רובל. פון ליבוי געהען שיפען אַ פאָר מאָל אין וואָך. מיט דער באַהן — אין דעם צוג פאַר עמיגראַנטען — קאָסט ביז ברעמען פון ווערזשבאָלאָווא (אײדקונען) 21 מאַרק 80 פעניג, פון אַלעקסאַנדראָווא (אָטלאָטשין) 14 מאַרק 90 פעניג, פון גראַיעװאָ (פּראָסטקען) 21 מאַרק 20 פעניג.

פון ברעמען געהען שיפען (געזעלשאַפט Norddeutscher Lloyd) אין אויסטראַליע איינמאָל אין 4 וואָכען, דאָס פאָהרען קאָסט 310 מאַרק, ד. ה. ביי 150 רובל.

פון לאָנדאָן געהען שיפען אין אויסטראַליע נישט ווענינער ווי 3 מאָל אין חדש. די שיפען, וואָס געהען פון לאָנדאָן אין אויסטראַליע געהערען די געזעלשאַפטען: Orient Pacific Line, New Zealand Shipping C°, Oriental Steam Navigation C°, Schaw, Savill and Albion C°, און אַנדערע.

דאָס פאָהרען פון לאָנדאָן געדויערט ביז פרימאַנטל (פערט) 34 טעג, ביז אַדעלאַידע 38 טעג, ביז מעלבורן 40 טעג, ביז סידניי 43 טעג, ביז ניי-זעלאַנד 7 וואָכען.

אַ בּילעט קײן אױסטראַליע קאָסט אױף דער פּאַלובּע 17—18 פונט סטערל., ד. ה. 160—170 רובּל. אַנ׳אָרט אין קאַיוטע פון פיער געלעגערן קאָסט מיט צװײ פונט טײַערער, אין קאַיוטע פון צװײ געלעגערן נאָך מיט צװײ פונט טײַערער.

קינדער פון 3 בּיז 12 יאָהר צאָהלען אױף די שיפען האַלבּ, אַ קינד יונגער פון 3 יאָהר צאָהלט גאָרניט. אָבּער יען אַזעלכע קינדער איז מעהר װי אײנס, מוז פאַר יעדעס איבּריגעס געװמען װערען אַ פיערטעל בּילעט.

מען מוז אין זינען האָבּען, דאָס דער פּרײַז פון די בּי-לעטען בּײַט זיך אָפט. דערום מוז מען פּאָהרען זיך אָנ-פרעגען, װיפיעל עס קאָסט אַ בּילעט אין יענער צײַט.

די געזעלשאַפטען זענען, לױט דעם געזעץ, מחויב האַל-טען זױערע שיפען רײן, געבּען די פּאַסאַזשירען פּרישעס עסען און האָבּען אױף זײערע שיפען אַנ׳אַפּטײק און אַ דאָקטאָר. אױבּ די שיף געהט נישט אָבּ אין דעם בּעשטימטען טאָג — האָט דער פּאַסאַזשיר דאָס רעכט צו פאָדערן פון דער אַדמיניסטראַציע פון שיף, עס זאָלען איהם אומגעקעהרט װערען די הוצאות פאַר דער איבּעריגער צײַט. אױף די בּעדינער פון שיף קען זיך דער עמיגראַנט קלאָגען דעם קאַפּיטאַן פון שיף. אין דעם פּרײַז פאַר׳ן בּילעט, װאָס איז אָנגעװיזען געװאָרען אױבּען, קומט שױן אַרײַן דער פּרײַז פאַר׳ן עסען (3—4 מאָל אַ טאָג), פאַר אַ געלעגער און מעדיצינישע הילף. פּאַסאַזשירען פון 3-טען קלאַס מוזען אָבּער האָבּען אײגענע װעש, אײגענע בּעטגעװאַנד, און אײגענע כּלים (מעסער, גאָבּלען און ז. װ.).

אױף די שיפען פון די דײַטשע געזעלשאַפטען גיט מען יודישע עמיגראַנטען, װען זײ פּאָהרען גרופּעס-װײַז, די מעגליכ-קײַט צו קאָכען אין אַ בּעזונדער קעסעל—כּשר. יודישע עמיגראַנ-טען קענען אױף אַנדערע ליניעס אױך האָבּען כּשר-עסען װען זײ װילען. נור דאָרט בּעשטעהט דאָס כּשר׳ע עסען געװעהנליך נור פון קאַרטאָפעל, קאָנסערװען, פיש, אױבּסטען און דעסגל.

עמיגראַנטען, וואָס פאָהרען דורך דייטשלאַנד, מוזען צום מייסטען דורכגעהן אויף דער רוסישער גרענעץ דורך די קאָנטראָל סטאַנציעס, וואו מען שיקט זיי אין אַ וואַנע, און זייערע קליידער, דעם באַגאַזש דעזינפעצירט מען. פאַר דאָס נעמט מען פון יעדען עמיגראַנט, וויפיעל ער זאָל נישט אַלט זיין, פון צוויי ביז פיער מארק.

גענויערע ידיעות וועגען די קאָנטראָל-סטאַנציעס קען מען געפינען אין ביכעל „אַלגעמיינע ידיעות פאַר אַלע וואָס ווילען אַריבערפאָהרען אין פרעמדע לענדער" — אַרויסגעגעבען פון דער יודישער קאָלאָניזאַציאָנס-געזעלשאַפט.

---

## באַגאַזש.

עמיגראַנטען, וואָס זעצען זיך אויפ'ן שיף אין ליבוי, האָבען דאָס רעכט צו פיהרען מיט זיך 6 פוד באַגאַזש אומזיסט. פאַר יעדען פוד מעהר צאָהלט דער עמיגראַנט 1 רובל 75 קאָפּ. יעדער פאַק אָדער קאַסטען באַגאַזש בעדאַרף נישט זיין גרעסער ווי $1^1/_2$ אַרשין די לענג, 1 אַרשין די הויך און 1 אַרש. די ברייט. אויף די שיפען וואָס געהען אין אויסטראַליע פון ענגלאַנד האָט יעדער דערוואַקסענער פאַסאַזשיר אויף דער פּאַלובע דאָס רעכט צו פיהרען 15 קוביק פוט, און יעדעס קינד $7^1/_2$ קוביק פוט באַגאַזש אומזיסט, און וויפיעל ער וועגט מאַכט נישט אויס. דעם באַגאַזש קען מען איינפּאַקען אין צוויי קאַסטענס, יעדער $2^1/_2$ פוט די לענג, 2 פוט די ברייט און $1^1/_2$ פוט די הויך. די קאַסטענס קענען זיין לענגער אויך, אַבי זיי זאָלען נור אינאיינעם נישט פערנעהמען מעהר פּלאַץ ווי עס שטעהט אָנגעוויזען.

אויף דעם געפּעק, וואָס קען זיין נויטיג דעם עמיגראַנט אין וועג, בעדאַרף זיין אָנגעשריבען דאָס וואָרט „Wanted". אַ קאַסטען מיט אַזא געפּעק בעדאַרף זיין נישט לענגער ווי 3 פוט, נישט ברייטער ווי 1 פוט 9 דיום און נישט העכער ווי 1 פוט 2 דיום. אַזאַ קאַסטען איז ערלויבט יעדען פאַסאַזשיר צו פיהרען מיט זיך אין קאַיוטע אָדער אויף דער פּאַלובע.

אויף די אײזענבאַהנען אין פּרײַסען און אין עסטרײַך האָט יעדער פּאַסאַזשיר פון 3-טע קלאַס דאָס רעכט צו פיהרען מיט זיך 62 פונט באַגאַזש אומזיסט, פּאַסאַזשירען פון 4-טען קלאַס (פּרײַסען) האָבען דאָס רעכט צו פיהרען מיט זיך באַגאַזש אַזוי פיעל, וויפיעל אַ דערוואַקסענער מענש איז אומשטאַנד אויפצו-הויבען.

מען דאַרף מיט זיך נישט נעהמען צו פיעל זאַכען. דאָס אַריבערפיהרען זיי און דאָס אַריבערפּעקלען פון איין אָרט אויף'ן צווייטען קאָסט זעהער טײַער און פערשאַפט דעם עמיגראַנט פיעל טרחה און קאָפּדרעהעניש.

מען דאַרף מיט זיך נישט נעהמען קײַן זאַכען, וואָס ברע-כען זיך לײַכט, אָדער וואָס זענען צו גרויס, ווי צום בײַשפּיעל: האַנדווערק-געצײַג, ערדאַרבײַט-מאַשינען און דעסגלײַכען, וואָרום אַריבערפיהרען זיי קאָסט טײַערער ווי קויפען זיי אויף'ן אָרט פון דאָס נײַ. מען דאַרף מיט זיך נישט נעהמען קײַן מעבעל, ד. ה. טישען, בײַנק, בעטען, — בכלל אַזוינע זאַכען וואָס פערנעהמען צו פיעל אָרט.

דעם באַגאַזש בעדאַרף מען צוטיילען אויף צוויי טהיילען: די זאַכען, וואָס וועלען נויטיג זײַן ערשט אויף'ן אָרט, נאָכ'ן קומען, בעדאַרף מען פערפּאַקען בעזונדער, און די זאַכען, וואָס קענען נויטיג זײַן אין וועג אויך — בעזונדער. די ערשטע בעדאַרף מען צונויפלעגען אין אַ קאַסטען אָדער אין אַ טשעמאָדאַן, דורך וועלכע עס זאָל נישט דורכגעהן קײַן וואַסער און פערשלייסען. די זאַכען דאַרף מען צונויפלעגען אַזוי, אַז זיי זאָלען זיך נים אי-בערפיהרען און נישט צוברעכען פונ'ם וואַרפען און טרייסלען אין וועג, און פערבינדען זיי וואָס אײַנפאַכער, כדי עס זאָל זײַן גרינ-גער זיי אויפצובינדען אויף די גרענויצען. אויף יעדען פּאַק אָדער קאַסטען בעדאַרף זײַן אָנגעשריעבען דײַטליך, אויף איהם זעלבסט אָדער אויף אַ שטיקעל צוגעקלעפּטע לײַיוענט, מיט טינט אָדער מיט אײלפּאַרב, אויף ענגליש אָדער אויף דײַטש, דער נאָמען און די פאַמיליע פונ'ם עמיגראַנט, און די שטאָדט, וואוהין ער

פאָהרט. ייען מען שרייבט דאָס נישט אָן, אָדער מען שרייבט עס אָן שלעכט, קען דער באַגאַזש אַמאָל פערפאַלען ווערען.

אַז מען פאָהרט מיט דער אײזענבאַהן לוינט צו שיקען דעם באַגאַזש אַפריהער, малою скоростью, נאָר אין דעם פאַל מוז מען אויסרעכענען די צייט אַזוי, אַז דער באַגאַזש זאָל אָנקומען אין פּאָרט פריהער פון עמיגראַנט. שיקען דעם באַגאַזש דאַרף מען אויף דעם אַדרעס פון דער שיפּס-געזעלשאַפט, מיט וועלכער דער עמיגראַנט וויל פאָהרען, אָדער אויפ'ן אייגענעם נאָמען פון עמיגראַנט. אויב דער באַגאַזש פערשפּעטיגט זיך, און דער עמיגראַנט וועט אָבפאָהרען פריהער פון איהם, דאַרף דער עמיגראַנט תיכף, ווי ער וועט אָנקומען אויפ'ן אָרט, ערקלערען די זאַך. ווען מ'הויבט עס אָן אָבלעגען, ווערט נאָכדעם אַלץ שווערער און שווערער און אַמאָל אויך גאַנץ אונמעגליך צו בעקומען דעם באַגאַזש.

די שיפּס-געזעלשאַפטען זענען פעראַנטוואָרטליך פאַר'ן עמיגראַנט'ס באַגאַזש און טראָגען די אַחריות פאַר יעדען שאָדען, וואָס איז פערשאַפען געוואָרען דורך דער שולד פון די שיפּס-בעדינטע. דער באַגאַזש קען ניט אַריבערגעטראָגען ווערען פון איין שיף אויף דאָס צווייטע אָהן אַנ'ערלויבניש פונ'ם עמיגראַנט. אויב מ'האָט איהם אַריבערגעטראָגען און עס האָט געטראָפען דערביי אַ שאָדען, איז די שיפּס-געזעלשאַפט פעראַנטוואָרטליך פאַר דעם שאָדען. אויב דער באַגאַזש ווערט פערפאַלען אין וועג, איז דער פּאַסאַזשיר, פערשטעהט זיך, פטור פון צאָהלען פאַר'ן אַריבערפיהרען, און קען בעקומען זיין געלד צוריק, אויב ער האָט שוין בעצאָהלט.

## וואָס בעדאַרף מען נעהמען מיט זיך.

עס איז נוצליך צו האָבען אין וועג עטליכע מעסערס, גאָבלען, לעפעל, טעלער, טישטיכער, ליילעכער, קיך-געשיר, און דעסגל. פון קליידער דאַרף יעדער עמיגראַנט האָבען צום ווייניגסטען פאָלגענדע זאַכען:

פאַר מאַנסבילעַן — צוויי פּאָר שיך, אַ וואַרימעַן קאָסטיום, צוויי פּאָר גרינגעַ הויזען, אַ גרינגען פּידזשאַק, אַ וואַרעמען הוט און אַשטרויענעם הוט מיט ברייטע פּאַליעס, אַ פּאָר שטעק-שיך, אַ פּאַלטאָ, זעקס פּאָר וועש, נאָז-טיכלעך, האַנטיכער און אַ לע-דערנעם זעקיל.

פאַר פרויען — צוויי פּאָר שטאַרקע שיך, איין וואַרעמע און צוויי גרינגע קליידליך, אַ וואַרימען הוט און אַ ברייטען שטרויענעם הוט, אַ פּאָר שטעק-שיך, אַ וואַרימע פּאַלערינע אָדער אַ גרויסען שאַל, זעקס פּאָר וועש, נאָזטיכלעך, האַנטיכער, אַ לעדערנעם זעקיל און אַ נאָדיל-פּאָדים.

פאַר קינדער — אַ וואַרימען פּאַלטאָ, צוויי פּאָר שיך, צוויי וואַרימע קאָסטיומען און 6—9 פּאָר וועש.

דעסגלייכען איז נוצליך צו האָבען אין וועג וואַרימע פלאַ-נעלעַנע וועש. צו 3—2 שטיק אויף אַ מענשען. דערהויפּט מוז מען זעהען — קינדער זאָלען זיין אָנגעטהון וואַרם.

וואַשען קויטיגע גרעט איז אויף די שיפען נעיועהנליך פערבאָטען.

---

## דאָס אָנקומען אויפ'ן אָרט.

אין איניגע אויסטראַליער פּראָווינצען האָט מען פער-זאָרגט — די עמיגראַנטען זאָלען האָבען וואו צו קעהרען און ווענדען זיך די ערשטע טעג נאָך זייער קימען. די געוועהנליכע הילף בעשטעהט אין דעם, דאָס מען גיעט זיי אומזיסט אַנ'אָרט אויף צו וואוינען די ערשטע עטליכע טעג און מ'גיט זיי ידיעות וועגען דעם, ווי גרויס ס'איז די פאָדערונג אויף אַרבייט אין פערשידענע ערטער.

די קאָנטאָרען, וועלכע די רעגירונג האָט געעפענט, (Government Labour Bureau), גיעבען די עמיגראַנטען ידיעות אומזיסט.

אין דרום-אויסטראַליע געפינט זיך די צענטראַלע קאָנטאָר

אָדער ביוראָ פאַר עמיגראַנטען אין דער שטאָדט אדעלאַידאַ (Adelaide Victoria Square) און איהרע אָבטיילונגען — אין פיעלע קליינע פונקטען פון דער פראָווינץ.

דאָס צענטראַל-ביוראָ פאַר ניי-דרום-וואַלס געפינט זיך אין סידניי (Sydney, George street North). אין ניי-זעלאַנד— אין דער שטאָדט וועלינגטאָן. עמיגראַנטען, וואָס האָבען ניט בדעה קיין בעשטימטע אַרבייט אין אויסטראַליע, בעדאַרפען זיך ווענדען פון פריהער מיט אַ בקשה אויפ'ן פּאַפּיר אין דאָס געהעריגע ביוראָ און אויסלעגען אין איהם, צו וואָס פאַר אַנ'אַרבייט זיי זענען פעהיג. אין דעם בריעף דאַרף דער עמיגראַנט געבען צו וויסען מיט וואָס פאַר אַ שיף ער וועט אָנקומען, און אַז ער קומט אויפ'ן אָרט בעדאַרף ער אויפזוכען דאָס ביוראָ און אָנפרעגען וועגען אַנ'ענטפער אויף זיין בקשה.

פאַר פרויען-עמיגראַנטקעס איז אין דעם רוב שטעדט פאַראַן בעזונדערע ביוראָ'ס. אין מעלבורן Kussel street 168, אין אַדעלאַידע Hindmarsh square, אין בריסבען Herbert street Musgrave Lodge. אין סידניי Castelreagh street, אין וועלינגטאָן Girls' Friendly, Society און אַנד..

אין ניי-זעלאַנד גיעבען אַ מאָל די קאָנטאָרען אַרויס די אָרימערע עמיגראַנטען אומזיסטיגע בילעטען אויף צו דורכפאָהרען מיט דער אייזענבאַהן אַהין, וואו עס איז דאָ אַרבייט, אָבער נור די עמיגראָנטען, וועלכע זענען שטאַרק נויט-בעדערפטיגט.

פאַר עמיגראַנטען, וואָס פאָהרען אין אויסטראַליע זוכען אַרבייט, איז נוצליך נעהמען מיט זיך אַטעסטאַטען פון בעלי-בתים, ביי וועלכע זיי האָבען פריהער געאַרבייט, בריעף מיט רעקאָמענדאַציעס און דעסגל.; עמיגראַנטען, וואָס האָבען פריינד אין אויסטראַליע בעדאַרפען זיך דורכשרייבען מיט זיי אַ פריהער און געבען זיי צו וויסען, מיט וואָס פאַר אַ שיף זיי וועלען קומען.

אויף די שיפען און אויף די אייזענבאַהנען. זענען פאַראַן

בעזונדערע בעאַמטע פון דער רעגירונג, וואָס זענען מחויב געבען עצות די עמיגראַנטען און זיין זיי נוצליך אין וועג.

## אַייזענבאַהנען אין אויסטראַליע.

די גרויסע שטעדט אין אויסטראַליע זענען אַלע פערבונדען צווישען זיך מיט אַייזענבאַהנען.

אויסער די צופאַלען, ווען די קאָנטאַרען גיעבען אַרוים אַמאָל די אָרימערע עמיגראַנטען אומזיסט בילעטען, גיעט מען אין אויסטראַליע נישט קיין אומזיסטע בילעטען. שפייז אין וועג, דהיינו: קאָנסערווען, טהיי און דעסגל. בעדאַרף דער עמיגראַנט קויפען דאָרט, פון וואַנען ער פאָהרט אַרויס מיט דער אַייזענבאַהן.

די אַייזענבאַהנען האָבען 2 קלאַסען, פּאַסאַזשירען פון צווייטען קלאַס האָבען רעכט צו פיהרען -- 84 ביז 112 פונט באַגאַזש אומזיסט אויף יעדען בילעט. קינדער ביז 3 יאָהר (אין קיווינסלענד ביז 5 יאָהר) פיהרט מען אומזיסט, און פון 3 ביז 12 יאָהר (אין קיווינסלענד ביז 14) מוזען נעהמען אַ האַלבען בילעט.

מיר גיעבען דאָ די פּרייזען פון אַ בילעט 2-טע קלאַס צווישען די בעדייטענדסטע שטעדט.

פון אַדעלאַיד ביז מעלבורן ($17^1/_2$ שעה פאָהרען) קאָסט אַ בילעט 45 שילינג, ביז סידניי ($34^1/_2$ שעה) — 79 שילינג, ביז ברויסבען ($62^1/_2$ שעה) -- 6 פונט 10 שילינג; פון סידניי ביז מעלבורן -- 60 שילינג, ביז ברויסבען (28 שעה -- 52 שילינג; פון ברויסבען ביז מעלבורן 5 פ. 10 שילינג.

## ווער קען זיך אַיינאָרדנען אין אויסטראַליע.

בעשטימט קען מען אויף דער פראַגע, פערשטעהט זיך, נישט ענטפערן. עס ווענדט זיך אָן דעם ווי גרויס די פאָדערונג

אויף אַרבּייט איז אין דער אָדער אין יענער צייט, אויף וויפיעל דער עמיגראַנט איז צוגעגריִיט צו דער אָדער יענער אַרבּייט, אויף וויפיעל ער איז בכלל פעהיג צו אַרבּייט, און ווי גרויס עס זענען די מיטלען, מיט וועלכע ער קומט אין לאַנד. פיעל הייננגט אָב אויך פון רייִנעם צופאַל, און יעדער עמיגראַנט, וואָס פאָהרט אַריבּער אין אַ וויַיטעם פרעמדעם לאַנד איז אַלע מאָל אין געפאַהר נישט צו געפינען דאָס, וואָס ער האָט געהאָפט געפינען. מ׳קען נור אין אַלגעמיינעם אָנווייזען, וואָס פאַר אַ קאַטעגאָריעס מענשען, פעהיגע צו אַרבּייט, קענען לייכטער ווי אַנדערע געפינען וואָס צו טאָהן אין אויסטראַליע און צו דעם וועלען מיר טאַקע גלייך אַריבּער.

---

## לאַנדווירטשאַפט-אַרבּייטער.

לויהן-אַרבּייטער בּעדאַרף מען האָבען אין אַלע אויסט-ראַליער פראָווינצען, נור נישט אין קיין גלייכער מאָס. אין ניי-דרום-וואַליס דאַרף מען האָבּען אַ גאַנץ גרויסע צאָהל היטערס (וועכטערס). לאַנדווירטשאַפט-אַרבּייטער הויבּט מען אָן צו פאָ-דערן ערשט בשעת׳ן אַרבּייט-סעזאָן, דעמאָלט בּעדאַרף מען האָ-בּען געניטע ערדאַרבּייטער, גערטנערס, ווייִנגערטנערס; אַרבּייטער. וואָס קענען אויסמאַכען קעז און פוטער און דעס-גלייכען.

אין דרום-אויסטראַליע איז דאָ געוועהנליך גענוג אַרבּייטער אויפ׳ן אָרט. נור אַנ׳אַנדערס מאָל קענען עמיגראַנטען, דערהויפט בעווייבטע און אָהן קינדער, דאָ אויך געפינען שטעלעס פון וועכטערס, קאָכערס, מילכקערס — אויף די פערמעס און אין די דערפער, און דעסגלייכען פעלדאַרבּייט.

אין וויקטאָריאַ זענען נויטיג זומער-צייט גוטע ווייִנגערט-נערס, פעלדאַרבּייטער, מילכקערס, דערהויפט אין די געגענ-דען פון די טייכען מוריי און ווימער. פעלדאַרבּייט האָט אין זיך די שלעכטע זייט, וואָס זי הענגט אָב פון דער צייט יאָהר. נור דערפאַר האָבען לאַנדווירטשאַפט אַרבּייטער די האָפנונג מיט דער צייט ווערען אַליין בעלי-בתים אָדער בעקומען קליינע מיילען ערד

אִין אַנדערע פון דער רעגִירונג, וועלכע העלפט זַיי אויס דערבַּיי, אויב זַיי זענען גרֵייט איבערצוטראָגען אַלע שווִירִיגקַייטען פון דער ערשטער צַייט.

אִין קווִינסלענד, אִין די געגענדען פון ערדאַרבֵּייט און פון פִיה-צוכט, דאַרף מען האָבען גוטע ערדאַרבַּייטער, און אִין דער צַייט פון שערען שאָף, ד. ה. פון יולי בִּיז סעפּטעמבער, בעדאַרף מען האָבען מענשען וואָס זענען בעקאַנט מִיט דער אַרבַּייט. מעהר ווי אומעטום דאַרף מען האָבען לאַנדווִירטשאַפט־אַרבַּייטער אִין וואַרוִויק, טואָמבּ, בּענדאַבּערג, מערִיבאָרויג, בּרִיסבּען, אִיפּסוִויטש. דעסגלַייכען אִיז די פאָדערונג אויף אַרבַּייטער גרויס אויף די צוקער־פּלאַנטאַציעס, פון יוני בִּיז דעצעמבער, — אַרום בּענדאַבּערג, מערִיבאָרוג, מעקַיי און אַנד. די אַרבַּייט אִיז דאָ אָפט אַ שווערע. מען דאַרף האָבען מענשען געזונדטע און געוואוינטע צו אַרבַּייט און צו אַלערליי שווִירִיגקַייטען.

אִין ניי־זעלאַנד בעדאַרף מען האָבען זומער (פון אָקטאָבער בִּיז מאַרט) געזונדטע פעלד־אַרבַּייטער, אַרבַּייטער פאַר מִילך־ווִירטשאַפט און פאַר שערען שאָף. אֵיינצעלנע אַרבַּייטער קענען דורכגעהן אִין לאַנד אַרַיין טִיעף און געפִינען אַרבַּייט בַּיי הִיטען סעדער, דורכפִיהרען וועגען, בּויען צוימען, שערען שאָף און דעסגל.

ווִיפִיעל מען צאָהלט לאַנדווִירטשאַפט־אַרבַּייטער וועלען מִיר אָנווַייזען שפּעטער צוזאַמען מִיט אַלע אַנדערע פּרַייזען פאַר אַרבַּייט.

---

## וואָל שערערס.

ערציהען שאָף צוליעב זייער וואָל אִיז די פערבּרֵייטעסטע בעשעפטִיגונג אִין אויסטראַליע און פאָדערט פִיעל אַרבַּייטער־הענט. אז עס קומט די צַייט פון שערען שאָף (יולי, אויגוסט, סעפּטעמבּער), לאָזען זִיך אַוועק די אַרבַּייטער (Shearers) קלֵיינע גרופּעס־ווַייז, פון צעהן בִּיז צוואַנצִיג מאַן, מעהרסטען־טֵייל צו־פוס, אִין די ערטער, וואו מען פִיטערט די שאָף.

יעדער אַרבייטער מוז נעהמען מיט זיך אַ פּעקיל מיט קלייד-וואַרג און גרעט, אַ קעסעל צום קאָכען טהיי און אַנד. זאַכען. ביז ענדע סעזאָן קעהרט זיך שוין דער אַרבייטער נישט אום אַהיים און וואַנדערט נור פון איין אָרט אין'ם צווייטען. דאָס רוב אַרביי-טער הויבט אָן צו אַרבייטען אין קווינסלענד, וואו דער קלימאַט איז דער הייסעסטער. און פּאַמעליך לאָזען זיי זיך אַראָב ביז צו וויקטאָריאַ, וואו דער קלימאַט איז שוין אַ מעסיגער.

מעהר ווי אומעטום שערט מען שאָף אין ניי-דרום-וואַלים און אין קווינסלענד. די אַרבייט איז אין אַלגעמיינעם זעהר אַ שווערע. אָפּט קומט אויס בלאָנדזען איבער גרויסע סטעפּעס, וואו מען זעהט נישט קיין מענשליכעם הויז אין פערלויף פון עט-ליכע טעג, און מען מוז נעכטיגען אונטערן אָפענעם הימעל. געוועהנליך צאָלט מען 10 רובל פאַר הונדערט שאָף אָבשערען. אַ געוועהנליכער אַרבייטער קען אָבשערען אַ טאָג פון 80 ביז 100 שאָף. ווי לאַנג דאָס שערען געדויערט בעקומט דער אַרבייטער עסען און טרינקען פון בעל-הבית.

די אַרבייטער וואָס בעשעפטיגען זיך מיט שערען שאָף, בילדען אין אויסטראַליע אַן'אַלגעמיינעם פערבאַנד צו שיצען זייערע אינטערעסען דורך שטרייקען און אַנדערע מיטלען.

---

## גרובען-אַרבייטער.

אין אויסטראַליע ווערט אויסגעגראָבען זעהר פיעל גאָלד, זילבער, קופּער, שטיינקויהלען. צום מייסטען בעדאַרף מען נישט אין די גרובען קיין אָנגעקומענע אַרבייטער, נור אַן'אַנ-דערם מאָל קען אַן'עמיגראַנט דאָ אויך געפינען אַרבייט, אָבער נור דעמאָלט, ווען ער האָט זיך בעשעפטיגט מיט דער זעלבער אַרבייט אין דער היים אויך. אין די גרויסע זילבער-גרובען אין בראָנקען-היל (ניי-דרום-וואַלים) דאַרף מען גאַנץ אָפּט האָבען גע-ניטע אַרבייטער. אין דערזעלבער קאָלאָניע איז אַ גרויסע צאָהל אַרבייטער פערנומען אין די גאָלד-גרובען נעבען ווילקאַניע און

אין די קופּער-גרובען אין קאָבאַר. געניטטע גרובען-אַרבייטער קענען אַנ'אַנדערס מאָל געפינען אַרבייט אויף דער אינזעל טאַסמאַניע, נור לייכטער פון אַלץ איז צו געפינען אַרבייט אין ניי-זעלאַנד, וואו מען דאַרף האָבען שטענדיג גוטע אַרבייטער אין די גאָלד-גרובען, שטיינקויהלען-גרובען און אַנדערע.

די אַרבייטער אין די גרובען בילדען אין אויסטראַליע פיעל שטאַרקע פערבאַנדען, צוליעב וועלכע די רעגיערונג האָט אָנגענומען מיטלען צום פערהעכערן דעם לויהן פון די אַרבייטער אין די גרובען און צום פערקירצען זייער אַרבייטס-טאָג. קינדער און פרויען פערוועהרט דאָס געזעץ אין גאַנצען זיך שטעלען אויף אַרבייט אין די גרובען.

---

## בַּעֲלֵי-מְלָאכוֹת און פאַבריק-אַרבייטער.

בעלי-מלאכות בעדאַרף מען ניט פיעל אין אויסטראַליע. דערום בעדאַרפען בעלי-מלאכות אין גאַנצען ניט עמיגרירען אין אויסטראַליע, סיידען זיי קענען אַ וועלכע עס איז פאַך גאַר אויסגעצייכענט גוט און קענען דערום רעכענען אַז זיי וועלען זיך אָנזעהן און מען וועט זיי בעדאַרפען האָבען, נור אַ געוועהנליכער בעל-מלאכה, וואָס האָט ניט בעשטימט עפּעס פון פריהער בעדאַרף ניט פאָהרען אין אוסטראַליע, סיידען ער האָט גענוג מיטלען אָדער קרובים, ער זאָל קענען וואַרטען ביז עס וועט זיך מאַכען אַרבייט.

בעל-מלאכות בעדאַרפען זיך ניט פערזאַמלען אין די גרויסע שטעדט, וואו מען דאַרף זיי ניט פיעל האָבען, און דאַרפען זיך בעזעצען איינציגווייז, צוואָרפען אין די קליינע שטעדט און דערפער. אין די דאָרפישע געגענדען פון אויסטראַליע, וועדליג אין אַ לאַנד מיט אַ קלייגער בעפעלקערונג, זענען פערשידענע אַרטען מלאכות ניט אַזוי שטרענג אָבגעטיילט איינע פון די אַנדערע, ווי ביי אונז אין אייראָפּאַ, אַ טשעסליאַר ווערט אין אַ נויט אַ סטאָליאַר, אַ ראָדמאַכער ווערט אַ באָנדאַר, אַ שטיינהאַקער ווערט אַ מוליאַר און דעסגל. דערום דאַרפען זיך בעלי-מלאכות ניט אָבזאָגען פון

קיין אַרבײַט, װעלכע מען לעגט זיי פאַר. אַפילו װען זיי זענען צו איהר ניט געװאױנט.

גוטע טשעסליאַרעס. שמידען, מוליאַרעס, שטוקאַטורעס, קאַרעטניקעס און ראָדמאַכערס קענען געפינען אַרבײַט אין קװינס־לענד, טאַסמאַניע אָדער ניי-דרום-װאַליס. אין װיקטאָריאַ איז די צאָהל פון בעלי-מלאכות און פאַבריק-אַרבײַטער געװאָרען גרױס די לעצטע צײַט און פיעל פון זיי האָבען שױן קײַן אַרבײַט ניט. פיעל אַרבײַטער און בעלי-מלאכות האָט מען בעדאַרפט האָבען די לעצטע צײַט אין ניי-דרום-װאַליס. אין ניי-זעעלאַנד איז דאָ געװעהנליך גענוג בעלי-מלאכות און פאַבריק-אַרבײַטער אױפ'ן אָרט: נור אין דער לעצטער צײַט האָט מען אין ניי-זעעלאַנד אױך בעדאַרפט האָ־בען אַ היבשע צאָהל אַרבײַטער, אין פערשידענע פאַבריקען. גוטע אַרבײַטער, װאָס האָבען געהאַט די מעגליכקײַט אױסצוװאַרטען בײַ דער צײַט האָבען אַלע געפונען אַרבײַט.

שנײַדערס און שוסטערס בעדאַרפען ניט עמיגרירען אין אױסטראַליע, װאָרום אין אױסטראַליע זענען די אַרטען מלאכות איבערגעפילט מיט מענשען, נור אין אײנצעלנע פעלען קען אַנ'עמיגראַנט — אַ שנײַדער אָדער אַ שוסטער זיך געפינען אַרבײַט אױף אַ פאַבריק אָדער אין אַ קלײנעס װאַרשטאַט. די בעדינגונגען פון אַרבײַט זענען פאַר שנײַדערס און שוסטערס אױף די גרױסע פאַבריקען פיעל בעסער, װי אין די קלײנע װאַרשטאַטען, צוליעב די סינדיקאַטען, װאָס אַרבײַטען אין דעם, און צוליעב דער שטרענ־גער אױפזיכט פון דער רעגירונג אױף די פאַבריקען. די לאַגע פון בעלי-מלאכות אין די קלײנע װאַרשטאַטען אָדער פון די, װאָס נעהמען אַרבײַט אהײם, איז זעהר אַ טרױעריגע.

די פאַבריק-צענטרען זענען דערהױפּט די הױפּטשטעדט פון די קאָלאָניעס: סידניי, מעלבורן, בריסבען, אַדעלאַידאַ, האָבאַרט (אױף דער אינזעל טאַסמאַניע), פּערט, און אין ניי-זעעלאַנד אױסער װעלינגטאָן — נאָך אָקלענד, קריסטשערטש, דומנעדין און אַנד. פאַר בעלי-מלאכות װאָס װילען אַרבײַטען ניט אױף קײַן פאַברי־קען, נור פאַר זיך אַלײן, איז גלײכער צו בעזעצען זיך אין די קלײנע

שטערט און דערפער, ניט אין די גרויסע פאַבריק-צענטרען. קומען אין אויסטראַליע איז פאַר בעלי-מלאכות גלייכער פון אַלס אין אַנהייב זומער.

אונטען ווייזען מיר אָן, וואָס איז דער געוועהנליכער געצאָהלט פון בעלי-מלאכות אין אויסטראַליע.

## פראָסטע אַרבייטער.

פראָסטע אַרבייטער געפינען אָפט בעשעפטיגונג אין אויסטראַליע אויף די אַייזענבאַהנען, ביי פערריכטען בריקען, האַקען וואַלד און דעסגל. די סאָרטען אַרבייט זענען דאָ פיעל אין ניי-דרום-וואַליס.

אין ניי-זעעלאַנד קען אַ גוטער געזונטער אַרבייטער געפינען אַרבייט ביי פיעל פריוואַט געשעפטען, צו וועלכע עס געהער פריהער פון אַלץ דאָס וואַלד-געשעפט (דאָ דאַרף מען האָבען האַלץ-העקער, אַרבייטער אין די וועג-מיהליען), נאַכהער פישערייִ, דאָס בעקומען פון קליי (Kauri gum) אין דער געגענד אָקלענד, דאָס קאָנסערווירען פון פלייש, פרוכטען און מילך-ווירטשאַפט.

## פישעריי.

פישעריי איז אַ פרנסה-געשעפט דערהויפט ביי די ברעגען פון טאַסמאַניע און פון די אַרומיגע אינזלען. די פישערס בעשעפטיגען זיך אָפט נאָך מיט בעאַרבעטען אַ שטיקעל ערד. פישעריי פאָדערט גרויסע הוצאות פון אָנהויב. אַ גוטעס שיף, צום בייִשפיעל, פאַר פיש האַפען קאָסט ביז 100 פונט, די פיש-נעצען און אַלע איבריגע זאַכען—ביז 20 פונט.

## פרויען-אַרבייט.

לויט די אָפיציעלע ידיעות איז אין דער לעצטער צייט אין

ניי-דרום-וואַלים געוועזען פערנומען אין פערשידענע פאַבריקען און ווארשטאַטען 12,000 פרויען. דאָס זענען ווארשטאַטען און פאַבריקען פון קליידער, שוכוואַרג, הוטען, קאָנפעקטען, בּיסקוויטען, איינגעמאַכטס, געזאַלצענע זאַכען, קאָנסערווען, שפּאַליער, קאַרטאָן-קעסטליך, פּאַפּיראָסען, ציגאַרען,—טיפּאָגראַפּיען און איינבּינדע-רייען. געצאָהלט האָט מען פרויען זעהר קאַרג און זייער צאָהל האָט זיך אימער געביטען. וועש-נייטערינס, הוט-מאַכערינס בע-דאַרף מען אין אַנדערע טיילען פון אויסטראַליע אויך ניט פיעל. אין ניי-זעעלאַנד וואָלט אַ קליינע צאָהל גוטע אַרבּייטערינס גע-קענט געפינען וואָס צו טהאָן אין וועש- און שוך-ווארשטאַטען אויף די פאַבריקען פון געוואַנד, פון זאָקען און פון קעסטליך פון שווע-בעליך. אין וויקטאָריאַ, קווינסלענד און אין טאַסמאַניאַ איז די פאָדערונג אויף פרויען-אַרבּייט עטוואָס געשטיגען די לעצטע צייט.

נור אויף פרויען-דינסטען איז די פאָדערונג אין אויסטראַליע אַלע מאָל גרויס. דערהויפּט אויף פּראָסטע דינסטען. גוטע קעכע-רינס, וועשערינס, קינדער-פרויען און אַנד. קענען אין אויסטראַליע זעהר לייכט געפינען שטעלען אין די גרויסע שטעדט און אויף דער פראָווינץ.

אויף די לאַגע פון דינסטען גיט אַכטונג אַ בּעזונדערע אינ-ספּעקציע פון דער רעגירונג. אויסער דעם זענען אין דעם רוב שטעדט פאַרהאַן בּעזונדערע ביוראָ'ס, וואָס זעהען פערהיטען פרויען פון אונעהרליכע מענשען. איינציגע אַדרעסען פון די ביוראָ'ס זענען אָנגעוויזען געוואָרען אויבּען.

עמיגראַנטקעס, וואָס קומען צופאָהרען אין אויסטראַליע שטעלען זיך אָפּט פאַר דינסטען אויף די ערשטע צייט בּיז זיי געפינען זיך אַרבּייט אין אַ פאַבּריק אָדער ווארשטאַט.

---

## ליבּעראַלע פּראָפעסיעס.

מענשען מיט ליבּעראַלע פּראָפעסיעס: דאָקטוירים, יוריס-טען, אינזשענערען און דעסגלייכען, וואָס ווילען עמיגרירען אין

אויסטראַליע קענען געפינען ידיעות, וואָס זענען זייער נייטיג אין דעם Professional Handbook, אַרויסגעגעבען פון דעם אָפּיציעלען ביורא פון ידיעות פאַר עמיגראַנטען (Emigrants Jnformation office) אין לאָנדאָן — 31, Broadway, Westminster S. W. קאָנטאָרשציקעס, בוכהאַלטערס, האַנדעלס-קאָרעספּאָנדענטען, פאָטאָגראַפען, מוזיקאַנטען און דעסגל. דאַרפען ניט עמיגרירען אין אויסטראַליע, אויסער די צופאַלען, ווען זיי פאָהרען אויף פאַרטיגע שטעלען. דעסגלייכען דאַרפען ניט עמיגרירען אין אויסטראַליע מענשען אָהן בעשטימטע פּראָפעסיעס און אָהן קאַפּיטאַל, אויף וועלכען זיי וואָלטען געקענט מאַכען אַנ'אייגען געשעפט.

---

## וואָס צאָהלט מען פאַר אַרבייט אין אויסטראַליע.

I. לאַנדווירטשאַפט-אַרבייטער מיט קעסט און וואוינונג פון בעל-הבית:

| | | |
|---|---|---|
| ערדאַרבייטער . . . | 20 | שיל' אַ וואָך |
| שניטערס . . . . . . | 25 | „ „ |
| גאַרבען-בינדערס . . | 15 | „ „ |
| מילכיקערס . . . . | 15 | „ „ |

דאָס עסען, וואָס מען בעקומט פון בעל-הבית איז אַ פּשוטעס, נור אַ זעטיגעס. דערהויפּט בעשטעהט עס פון ברויט, פליישׁ, טהיי און צוקער, אַנ'אַנדערס מאָל אויך פון קעז, פּוטער און אַנד. די וואוינונגען, וועלכע דער בעל-הבית גיט די לאַנדווירטשאַפט-אַרבייטער זענען ניט אַלע מאָל בעקוועם, נור ריין.

II. אַרבייטער ביי פיה-צוכט:

| | | |
|---|---|---|
| פאַר 100 שאָף אָבשערען . . . . . . . . | 14—20 | שיל. אַ וואָך |
| סאָרטיראָוסטשיקעס פון וואָל . . . . . | 20—25 | „ „ |
| היטערס פון די סקלאַדען . . . . . . . | 15—30 | „ „ |
| פערשידענע אַנדערע אַרבייטער . . . . . | 15—20 | „ „ |

די קאַטעגאָריע אַרבייטער בעקומט אויך עסען און וואוינונג פון בעל-הבית.

III. בעלי מלאכות און אַרבײַטער אין די פאַבריקען.

| | | |
|---|---|---|
| שמידען | 8—12 | שיל. אַ טאָג |
| סלעסאַרעס | 8—10 | „ „ |
| מאָליאַרעס | 8—14 | „ „ |
| טשעסליאַרעס, סטאָליאַרעס | 8—12 | „ „ |
| באָנדאַרעס, ראָדמאַכערס | 8—11 | „ „ |
| מעדניקעס | 9—12 | „ „ |
| שטאָלגיסערס | 9—10 | „ „ |
| אַרבײַטער אין די גרובען | 8—10 | „ „ |
| פראָסטע אַרבײַטער (גראָבען ערד און דעסגל.) | 8 —6 | „ „ |
| מאַליאַרעס | 8—12 | „ „ |
| זאָטלערס | 5—10 | „ „ |
| שוסטערס און שנײַדערס | 6—10 | „ „ |
| ברויט-בעקערס | 50—60 | „ אַ וואָך |
| זעצערס | 50 | „ „ |
| שנײַדערקעס, מאָדיסטקעס | 30 | „ „ |

IV. דינסטען.

(האָבען עסען און וואוינונג בײַם בעל-הבית)

| | | |
|---|---|---|
| קעכערינס | 10—25 | שיל. אַ וואָך |
| פראָסטע דינסטען | 8—20 | „ „ |
| יונגליך | 10—30 | „ „ |
| הויז-פרויען | 14—20 | „ „ |
| וועשערינס | 18 | „ „ |
| היימישע נײַטערקעס | 28 | „ „ |
| קינדער-פרויען | 8—20 | „ „ |

---

## אייגענע בעל־הבית־ישקייט.

מענשען וואָס האָבען גענוג קאַפּיטאַל קענען ווערען פערמערס אין אויסטראַליע. נור זיי מוזען זיין זעהר פאָרזיכטיג, זיי מוזען געדענקען, דאָס דער קלימאַט, די ערד און די אופנים פון ערד-אַרבײַט זענען אין אויסטראַליע גאָר ניט די, וואָס אין רוס=

לאַנד. דעֶרוּם דאַרף אַנ׳עֶמיגראַנט, וואָס ווִיל פיהרעֶן אַנ׳אֵייגעֶנעֶ ווִירטשאַפט, זיך גוּט בּעֶקעֶנעֶן פריִהעֶר מִיט די אַרוּמיִגע בּעֶדיִנגוּנגעֶן אוּן געֶניִט ווערעֶן אִין דעֶם, ווִי מעֶן פיהרט איבּעֶרהויפּט לאַנדווִירטשאַפט. ענגלעֶנדעֶר, דייטשעֶן אוּן אַנד., וואָס קוּמעֶן צוּ פאָהרעֶן אִין אויסטראַליעֶ מִיט קליינעֶ קאַפּיטאַלעֶן געהעֶן צוּם מייסטעֶן עֶטליִכעֶ מאָנאַטעֶן אַרבּייטעֶן אויף פרעֶמדעֶ פעֶרמעֶס, איידעֶר זיי קויפעֶן זיך אַנ׳אייגעֶן שטיקעֶל עֶרד, כּדי צוּ בּעֶקוּמעֶן די נויטיִג-געֶניִטקייט. יוּדישעֶ עֶמיגראַנטעֶן, וואָס זעֶנעֶן דאָס רוּב גאָר ניִט בּעֶקאַנט מִיט עֶרדאַרבּייט דאַרפעֶן עֶס אַוּדאי טהוּן. דעֶר עֶמיגראַנט דאַרף אויך געֶדעֶנקעֶן, דאס דעֶר עֶרשטעֶר תּנאי פוּן עֶרדאַרבּייט אִיז אייגעֶנעֶ שטעֶנדיִגעֶ מיה. מעֶן דאַרף וואָס ווענִיגעֶר אָנקוּמעֶן צוּ געֶדוּנגעֶנעֶ אַרבּייטעֶר. פאַר אִיהם אַליין אִיז זעֶהר וויכטיִג אַרבּייטעֶן אַ צייט אויף אַ פרעֶמדעֶ פעֶרמעֶ אַלס אַ געֶדוּנגעֶנעֶר אַרבּייטעֶר, כּדי צוּ בּעֶקעֶנעֶן זיך מִיט די בּעֶדיִנגוּנגעֶן פוּן לאַנד.

פוּן לאַנדווירטשאַפט לוינט זיך מעֶהר פוּן אַלס אִין אויסטראַליעֶ האָדעֶווען שאָף אוּן אַראָבּנעֶהמעֶן זייעֶר וואָל, מאַכעֶן פלייש-קאָנסעֶרוועֶן, פיהרעֶן מִילך-ווִירטשאַפט אוּן קאָנסעֶרווירעֶן פרוּכטעֶן. אִין וויקטאָריעֶ זיִיהט מעֶן פיִעל ווייץ. נוּר עֶרדאַרבּייט ליידט פיִעל פוּן די גרויסעֶ היצעֶן אִין אויסטראַליעֶ.

אִין דרוּם-קווינסלעֶנד פלאַנצט מעֶן צוּקעֶר-ראָהר: די רעֶגירוּנג לייהט אוים די פעֶרמעֶרס, וואָס בּעֶשעֶפטיִגעֶן זיך מִיט צוּקעֶר-ראָהר די נויטיִגעֶ מיטלעֶן צוּ מאַכעֶן קאָאָפּעֶראַטיווע. ד. ה. שוּתּפעֶשעֶ פאַבּריקעֶן צוּ בּעֶקוּמעֶן פאַטאָקעֶ. דעֶסגל. העֶלפט אוים די רעֶגירוּנג מִיט הלוָאות די פלייש- אוּן פּוּטעֶר-פאַבּריקאַנטעֶן. וויקטאָריאַ גיִט די פעֶרמעֶרם הלוָאות צוּ מאַכעֶן שוּתּפ׳שעֶ פאַבּריקעֶן פוּן פוּטעֶר, סלִיווקעֶס, וואָס ווערעֶן אַרויסגעֶפיהרט אִין אַנד. לעֶנדעֶר.

קאָנסעֶרווירעֶן פרוּכטעֶן אִיז אַ ריוח-געֶשעֶפט, אַז מעֶן אִיז גוּט בּעֶקאַנט מִיט די בּעֶדיִנגוּנגעֶן פוּן לאַנד, אוּן עֶס לוינט זיך דעֶמאָלט אַריינלעֶגעֶן אִין אִיהם קאַפּיטאַל.

---

## ווִי קויפט מען ערד אין אויסטראַליע.

אומזיסט גיט מען אין אויסטראַליע קיין ערד אין קיין פאַל ניט. נור די רעגירונג האָט אויסגעאַרבייט אַזעלכע תנאים, וואָס מאַכען לייכט צו קויפען קליינע טיילען ערד.

אין ניי-זעעלאַנד גיט די אַדמיניסטראַציע ערדאַרבייטער אין איינבינגע אַרענדע פערשידענע טיילען ערד, פון $37^1/_2$ ביז 75 דעסיאַטין די גרויס. דאָס ווענדט זיך אָן דעם וואָס פאַר אַנ'ערד עס איז, א בעסערע אָדער אַנ'ערגערע. די אַדמיניסטראַציע גיט די ערדאַרבייטער אויך הלוואות און שאַפט זיי די מעגליכקייט צו פערדינען די ערשטע צייט אַלס לויהן-אַרבייטער. זי דינגט זיי אָן צולייגען דעם אויף ריינינגען וועלדער, דורכפיהרען וועגען און דעסגל. אין דער פרייער צייט דאַרף דער קאָלאָניסט בעאַרבייטען זיין טייל ערד. דאָס רעכט אויף אייגענע ערד בעקומען נור גוטע, געניטע און פלייסיגע ערדאַרבייטער. דערהויפט קלויבט מען אויס פערהייראַטע.

די ערד אין די דערפער טיילט זיך אויף ערשטקלאַסיגע און צווייטעקלאַסיגע. ערשטקלאַסיגע ערד פערקויפט זיך צו 10 רובל אַנ'אַקר (אַנאַקר איז גלייך 0,37, ד. ה. עטוואָס מעהר פון אַ דריטעל דעסיאַטין), צווייטעקלאַסיגע צו 2 ר' 50 ק' אַנ'אַקר. ערד נעבען די שטעדט קאָסט ניט ביליגער ווי 20 רובל אַנ'אַקר. אַז מען קויפט רעגירונגס-ערד בעצאָהלט מען $^1/_5$ פרייז ביים פערשרייבען זיך און דאָס איבריגע אין פערלויף פון אַ חדש. אין אַרענדע קען מען נעהמען ערד אויף אַ צייט און אויף אייבינ. אַז מען נעמט אין אַרענדע אַ טייל ערד אויף אַ צייט (25 יאָהר) איז דער אַרענדע-פרייז 5% פונ'ם פרייז אויף צו פערקויפען. אַז מען נעהמט אַ טייל ערד אין אַרענדע אויף אייבינ (אויף „צינש") מאַכט דאָס אַרענדע געלד 4% פונ'ם פרייז אויף צו פערקויפען. דער אַרענדאַטאָר מוז זיך בעזעצען אויף זיין ערד נישט שפעטער ווי אין 4 יאָהר אַרום נאָכ'ן אָנהויב אַרענדע, ווען די ערד איז בעדעקט מיט זומפען (בלאָטעס) און מיט וועלדער, און נישט שפעטער ווי אין אַ יאָהר אַרום, ווען דער טייל ערד איז אַ בעקוועמער. דער

אַרענדאַטאָר איז מחויב מאַכען אַלע פערבעסערונגען אויף זיין ערד, אויסהאַקען דעם וואַלד, טרוקען מאַכען די בלאָטעס און אַ. וו.

אין דרום-אויסטראַליע קען מען קויפען בעאַרבייטעטע טיילען ערד צו 6—5 פונט סטערל. אַנ'אַקר, און נעהמען אין אַרענדע צו 6—5 שיל. אַנ'אַקר. ערד פאַר גערטנעריי פערקויפט מען צו 8—6 פ. סטערל. און פאַשעס (פאַר מילך-ווירטשאַפט) צו 6—4 פונט אַנ'אַקר. אַ מיטעל-גרויסע פערמע, פון 200—150 אַקר, פאָדערט אויסער דעם געלד פאַר די ערד נאָך אַ קאַפּיטאַל פון 300 פונט. ערד פון אַ נידעריגערן סאָרט קען מען קויפען צו 10 שיל. אַנ'אַקר, נור אַזאַ ערד זאָל טויגען פאַר ערדאַרבייט איז זעהר שווער צו מאַכען.

אין וויקטאָריאַ, טיעף אין לאַנד, ווערען פערקויפט גוטע טיילען ערד צו 60—30 שיל. אַנ אַקר. פאַרטיגע פערמעס מיט אַלע נויטיגע געביידעס פערקויפען זיך צו 2 פ. 10 שיל. אַנ'-אַקר. ערשט-קלאַסיגע ערד נעבען די גרויסע שטעדט ווערט פערקויפט צו 25—20 פ. אַנ'אַקר. אַרענדע פאַר אַקערערד איז פון 5 ביז 30 שיל. אַנ'אַקר די גרויס, און פאַר פאַשע-ערד פון 3 ביז 13 שיל. אַנ'אַקר, פערמעס ווערען אָבגעגעבען אַנ'אַנדערס מאָל אין אַרענדע מיט'ן תנאי צו האָבען אַ חלק אין דער הכנסה. דער בעל-הבית גיעט אין דעם פאַל זיין ערד, זיינע מאַשינען, קערנער און אַ. וו. און דער אַרבייטער גיעט זיין אַרבייט. דעם אוראָזשאַי טיילען דער בעל-הבית און דער אַרבייטער צווישען זיך נאָך אַ געוויסע פּראָפּאָרציע. מלוכה-ערד קען מען קויפען קליינע טיילען צו ביליגע פּרייזען (פון 5 שיל. ביז 1 פ. אַנ'אַקר) און אויף לייכטע תנאים.

אין ניי-דרום-וואַליס איז דאָ ווייניג לאַנד, וואָס זאָל טויגען פאַר ערדאַרבייט. אויסער דעם שאַדען דאָרט זעהר די גרויסע היטצען פון אויסטראַליע. פאַשע-ערד שאַצט מען דורכשניטליך אין 20—10 שיל. אַנ'אַקר. אַרענדע פאַר פאַשע-ערד קאָסט ביז אַ ½ שיל. אַנ'אַקר. נאָר דאָס געשעפט פון האָדעווען פיה פאָ-דערט גרויסע שטרעקעס ערד, אויב מען וויל ביי איהם פערדינען,

ניִשט וועניִגער וויִ 5,000 אַקר. אַרום טאַמוּאָרט פּערקויפט זיִך גוטע פּרוּכטבּאַרע ערד צוּ 10—5 פּ, סט. דער אַקר. די ערד טויג פאַר ערדאַרבּייט.

אין טאַסמאַניע קאָסטען גוטע פאַרטיגע פערמעס מיִט ערשט־קלאַסיִגער ערד 10—15 פּ. דער אַקר. די מיטעלע גרויס פון אַזאַ פערמע איִז 100—300 אַקר. צוּ פיִהרען די וויִרטשאַפט אויף אַזאַ פערמע בּעדאַרף מען האָבּען אַ קאַפּיִטאַל פון 300 פּ. אויף יעדע 100 אַקר. די אַרענדע פאַר אַזוינע פערמעס דערגרייכט בּיִז 20 שיִל. אַנ'אַקר. צווייטעקלאַסיִגע פּערמעס ווערען געשאַצט אין 6—10 פּ. אַנ'אַקר, צוּ פיִהרען ווירטשאַפט אויף אַזוינע פערמעס בּעדאַרף מען האָבּען אַ קאַפּיִטאַל פון 250 פונט אויף יעדע 100 אַקר. אין אַרענדע גיִעט מען אָבּ צווייטעקלאַסיִגע ערד צוּ 7 שיִל. און מעהר דער אַקר. קלייִנע פּערמעס פון 50 בּיִז 200 אַקר פערקויפען זיך זעלטען. ניִשט גאָר גערייִניִגטע ערד פערקויפט מען אָפטער און צוּ פיִעל בּיִליִגערע פרייזען; פון 3 בּיִז 5 פּ. דער אַקר. די מלוכה-ערד טיילט זיך אויף דריי קאַ־טעגאָריעס און ווערט פערקויפט:

טייִלען פון 15 בּיִז 200 אַקר, פון ערשטער קאַטעגאָריע ווערען פערקויפט צוּ 20 שיִל. אַנ'אַקר. דאָס געלד ווערט איינ־געצאָהלט אין 14 יאָהר. טייִלען פון 30 בּיִז 500 אַקר פון צווייִ־טער קאַטעגאָריע צוּ 10 שיִל. אַנ'אַקר. טייִלען פון 60 בּיִז 1,000 אַקר דריִטע קאַטעגאַריע, צוּ 5 שיִל. דער אַקר. אויב מ'וויל האָבּען קרעדיִט בּיי דער רעגיִערונג קאָסט די ערד אויף אַ דריִטעל טייערער. 100 אַקר ערד פון ערשטער קאַטעגאַריע אויף קרעדיִט קאָסטען אַלזאָ 100 פונט און $33^1/_3$ פּ. פאַר קרעדיִט, ד. ה. איִנאַיינעם $133^1/_3$ פונט סטערליִנג. די סומע ווערט איינגעצאָהלט קלייִנע טייִלענווייז אין 14 יאָהר צייט.

אויף דיזעלבּע תנאים קען מען קויפען ערד בּיי דער רע־גיִערונג אויך איִן אַנדערע טייִלען פון אויסטראַליע.

---

## וואָס קאָסט דאָס לעבען אין אויסטראַליע .

די נויטיגסטע לעבענסמיטלען קאָסטען אין אויסטראַליע נישט טייער . מיר געבען דעם פרייז פון א פ ו נ ט פון די פאָל-גענדע פראָדוקטען אין די גרויסע שטעדט ווי מעלבורן , סידניי און אנדערע .

| | אין סידניי | מעלבורן |
| --- | --- | --- |
| ברויט (2 פונט) . . . . . . . . . . . | 3 פענס | 2—2½ פ. |
| פלייש . . . . . . . . . . . . . . | 3—6 פ. | 3—7 פ. |
| שאָפען פלייש . . . . . . . . . . . | 3—5 פ. | 4—5 פ. |
| פוטער . . . . . . . . . . . . . . | 1 ש.—1 ש. 3 פ. | 10 פ. 1 ש.—2 פ. |
| קעז . . . . . . . . . . . . . . . | 8—10 פ. | 6 פ.—1 ש. |
| מילך (א קוואָרט) . . . . . . . . . . | 4—5 פ. | 4—6 פ. |
| קאַפע . . . . . . . . . . . . . . | 1 ש. 2 פ.<br>1 ש. 9 פ. | 1 ש. 2 פ.—<br>1 ש. 7. פ. |
| מעהל . . . . . . . . . . . . . . | 2—3 פ. | — |
| אייער (א טוץ) . . . . . . . . . . . | 2 ש. 3 פ.—8 ש. | 2 ש.—7 פ. |
| קאַרטאָפעל (א פיערטעל) . . . . . . . | 4—7 שיל. | 1 ש.—6 ש. 6 פ. |

גרייטע קליידער קאָסטען אין אויסטראַליע פיעל ביליגער , ווי אין רוסלאַנד . דירות זענען אויך די לעצטע צייט געוואָרען ביליגער צוליעב די פיעל הייזער , וואָס זענען אויסגעבויט געוואָרען נישט לאַנג . אין די שטעדט ווערען פערדונגען קליינע הייזער פון 3—4 צימערן פאַר 15—6 שיל. אַ וואָך . יעדער אַר-בייטער קען זיך לייכט קויפען אויך אַ הייזעל , וואָרום זיי ווערען פערקויפט צום מייסטען אויף קרעדיט אויף אויסצאָהלען טיילענ-וויז יעדען חדש .

עסען און וואוינונג קאָסט אין די גרויסע שטעדט — פאַר אַ מאַנסביל 20—15 שיל. אַ וואָך, פאַר אַ פרוי 15—10 שילינג אַ וואָך. אין די קליינע שטעדט קאָסט דאָס עסען און וואוינונג אויף צוויי, דריי שילינג אַ וואָך ביליגער. אין די דערפער בעקומען אַרבייטער געוועהנליך עסען און וואוינונג פון בעל-הבית.

| אַדעלאַיד | קווינסלענד | פערט | האָבאַרט (טאַסמאַניע) | אין ניי-זעעלאַנד |
|---|---|---|---|---|
| 2—3 פּ. | 3 פּ. | 3 פּ. | 3 פּ. | 3 פּ. |
| 4—7 פּ. | 2—6 פּ. | 4—6 פּ. | 6 פּ. | 3—8 פּ. |
| 4 פּ. | 2½—5 פּ. | 4—6 פּ. | 5 פּ. | 3½—6 פּ. |
| 18 פּ.—1 ש. 6 פּ. | 7 פּ.—1 ש. 2 פּ. | 1 ש. 1 פּ.<br>1 ש. 3 פּ. | 10 פּ.—1 ש. | 8 פּ.—1 ש. 1 פּ. |
| 5—8 פּ. | 6—11 פּ. | 1 ש.—10 פּ. | 8 פּ. | 6—8 פּ. |
| 3 פּ. | 4 פּ. | 6 פּ. | 4 פּ. | 3—4 פּ. |
| 1 ש.—1 ש. 4 פּ. | 10 פּ.—1 ש. 4 פּ. | 1 ש. 6 פּ.—2 ש. | 1 ש. 8 פּ. | 1 ש. 4 פּ.<br>1 ש. 10 פּ. |
| 1½—2 פּ. | 1½ פּ. | — | — | — |
| — | 6 פּ.—1 ש. 10 פּ. | — | 1 ש. | — |
| 3—8 ש. | 3 ש.—1 ש. 6 פּ. | 6—11 ש. | 4 ש. | 2 ש. |

## אַלגעמיינע אָנווייזונגען.

פון דעם אַלעם, וואָס ס'איז געזאָגט געוואָרען אין דעם ביכעל, קען מען אויסברינגען, דאָס אין אויסטראַליע איז פיל לייכט גלייכער צו באַהרען, ווי אין אַנדערע לענדער, וואוהין יודען לאָזען זיך געוועהנליך. די נויטיגסטע זאַכען קאָסטען אין אויסטראַליע נישט טייער. פאַר אַרבייט צאָהלט מען גוט. די אַר-בייט געדויערט אין אַלגעמיינעם 8 שעה אין טאָג, די אַרבייטער

גֶעפִינֶען זִיךְ אונטֶער'ן שוּץ פוּן דֶער רֶעגִירוּנג. אִין דִי רֶעגִירוּנגס־שׁוּהלֶען פַאר קִינדֶער לֶערנט מֶען אוּמזִיסט. דֶערִיבֶּער קֶען דִיעֶר יוּנגֶער דוֹר פוּן דִי עֶמִיגרַאנטֶען הָאפֶען אוֹיף אַ גרֶעסֶערֶען תַּכלִית ווִי זַייעֶרֶע עֶלטֶערן. נוּר פוּן דֶער צְווייטֶער זַייט אִיז אוֹיסטרַאלִיֶע דָאס ווַייטסטֶע לַאנד פוּן אַלֶע לֶענדֶער וואוּהִין יוּדֶען פָאהרֶען גֶעווֶעהנלִיךְ. מֶען דַארף אוֹיךְ נִישט פֶערגֶעסֶען, דָאס עֶמִיגרַאנטֶען שטֶעהט פָאר פִיעל אוֹיסצוּשטֶעהן בִּיז זֵיי ווֶעלֶען זִיךְ צוּם ווֶענִיגסטֶען בֶּעקֶענֶען מִיט דִי אַרוּמִיגֶע בֶּעדִינגוּנגֶען, מִיט דֶער שפּרַאךְ, מִיט דִי מנהגים אוּן אַ. וו. דֶערִיבֶּער דַארפֶען אִין אוֹיסטרַאלִיֶע פָאהרֶען נוּר מֶענשֶׁען גֶעזוּנדטֶע, פלֵייסִיגֶע אוּן וואָס הָאבֶּען נָאךְ דֶערצוּ אֵיינִיגֶע מִיטלֶען אָדֶער פרֵיינד אִין אוֹיסטרַאלִיֶע, כּדי זֵיי זָאלֶען קֶענֶען לֶעבֶּען דִי עֶרשטֶע צַייט נָאךְ זֵייעֶר קוּמֶען. דֶעסגלַייכֶען אִיז נֵייטִיג אַז אַנ'עֶמִיגרַאנט זָאל קֶענֶען ווִיפִיעל ס'אִיז דִי שפּרַאךְ. עֶמִיגרַאנטֶען דַארפֶען נִישט פֶערבּלֵייבֶּען אִין דִי גרוֹיסֶע שטֶעדט, וואוּ ס'אִיז דָא גֶענוּג אַרבֵּייטֶער אוֹיפ'ן אָרט. זֵיי בֶּעדַארפֶען זִיךְ צוּזֵייעֶן אִיבֶּער דִי קלֵיינֶע שטֶעדט אוּן דֶערפֶער. דִי עֶרשטֶע צַייט בֶּעדַארף אַנ'עֶמִיגרַאנט נִישט אִיבֶּערקלֵייבֶּען קֵיין אַרבֵּייט, אוּן נֶעהמֶען אַלֶעס, וואָס ס'מַאכט זִיךְ. עֶנדלִיךְ, דַארף אַנ'עֶמִיגרַאנט נִישט צוּהֶערֶען זִיךְ צוּ קֵיין עֵצות פוּן אוּמבֶּעקַאנטֶע מֶענשֶׁען, אוּן ווֶענדֶען זִיךְ שטֶענדִיג, וואוּ ס'אִיז נוּר מֶעגלִיךְ, אִין דִי ספּעֶצִיעֶלֶע אַנשטַאלטֶען פַאר עֶמִיגרַאנטֶען אָדֶער צוּ אָפִיצִיעֶלֶע מֶענשֶׁען.

